פֿערלאַג „ביכער־פֿאַר־אַלע“ וואַרשע.

י. ל. פּרץ.

בײַנאַכט

# אויפֿן אַלטן מאַרק

דראַמאַטישע פּאָעמאַ

אין פֿיער אַקטן.



דרוק „האור“ וואַרשע, דלוגאַ 11

1907.

---

# НОЧЬЮ НА СТАРОМЪ РЫНКѢ.

Соч. **И. Л. Переца.**

Изданіе „БИХЕРЪ-ФАРЪ-АЛЭ“.

---

ВАРШАВА.

Типографія М. Кринскаго, Долгая № 11.

1907.

וועם מען עס פֿערדאנקט,
דערלאַנגט . . .

# די סצענע.

אײַן אַלטער פּיִער-עָקיִג-לעָנגליַבּעָר מאַרק. הײַזער פֿון
פֿעָרשיִעדעָנעָ — פֿאַרב, פֿאַסאָן און גרויס.

צווישען זיי:

אַ שעָנק — אונטער אַ שרייַענדיגער שילד און אַ פֿעָל-
שעָר-שטוּב; דערבײַ אַ רויט-קרײַץ-לעָמפּעָל און דרײַ מעָשעָנעָ
טעָלער אויף אַ דראָט.

פֿון הינטער-גאַסעָן איבער די הײַזער הייבעָן זיך:

רעָבּטס — אַ שווערער, אַלטער, אויסגעָקרימטער שוהל-
דאַך, מיט אַ וועטער-פֿעָהנדעָל אין געָשטאַלט פֿון אַ האָהן.

לינקס — טחורם און קרײַץ פֿון אַ קלויסטער.

אין ווינקעָל בײַ׳ם הינטער-גרונד — אַ רויטער
פֿאַבריק-דאַך מיט בלעָכעָנעָ און ווײַס-געָמויערטעָ קיימעָנדלעָך.

אַ ליניעָ פֿון עָטוואָס שימעָרירעָנדעָן קיזעָל לויפֿט, טײַ-
לעָנדיג איהם אויף צוויי גלײַכעָ העָ/פֿטעָן, איבער דער לעָנג
פֿון מאַרק אַרויס, און פֿערליערט זיך בײַ׳ם האָריזאָנט.

אַ שוהל-געָסעָל רעָכטס; אַ קלויסטער-געָסעָל לינקס.



## עם שפּיעלען;

אַ לֵץ.

מענשען:

לעבענדיגע:

ווייבער.

קינדער.

קאָמישער אַלמער.

פערשפּעטיגטע בּוחרים.

שכּורים.

צוויי מיידלעך.

יונגע לייט,

אַ נאַכט-מיידעל.

איין אַרבּייטער.

אַ שאַכער.

איין איבּסהענדלערין.

אַ לאָמפּען-לעשער.

אַ דיכטער.

אַ וואַנדערער.

„ער" און

„זי". צוויי פּאָרען.

אַ שמייסער פון אַ בּויד.

מענשען פון אַ שטוב.

א רופא.
נושאים־לײַט.
אַ שוהל־קלאַפּער.

פון עוֹלָם הַתֹּהו:

„ער" און
„זי".
אַ צנועה.
סוחרים.
בעל עגלה׳ס.
בעלי־בתים.
אַ שְׁכִיב מְרַע.
אַרבײַטער. צווישען זײ:
אַ בלינדער.
אַ לאָמער.
אַ געקעפּטער.
אַ סאָלדאַט.
אַ געהאָנגענער.
מַשְׂכִּילים.
צוויי חֶבְרוֹת יונגע לײַט.
אַ דיכטער.

פון קְבָרִים זאָרוים:

גרײַז־גראָהע מֵתִים.
שוהל־גַבָּאִים.
בַּעֲלֵי בָּתִּים.
לַמְדָנִים.
אַלטע אַפִּיקוֹרְסִים.
יונגע לײַט.

אַ מוטעֶר מ׳מ
אַ טאָכטעֶר.
הַקְרָנִים.
קינדעֶר עֶלטעֶרע און יונגערע.
מײַדלעֶך און
װײַבלעֶך.
אַ בְּתוּלָה.
אַ בָּחוּר.
יוסל.
מַלְכָּה.
שַמָּשִים.
אַ כַּלָה.
אַ בוֹגֶרֶת.
אײַן עֶרשט געֶשטאָרבעֶנעֶר.
בלינדע מֵתִים.
אַ יונגעֶר אַפִּקוֹרֵס.

**אַ פּאָר פערד, און**
**נישט לעבענדיגע:**

אַ בויד.
אַ זײַגעֶר.
דעֶר מאָרגעֶנשטעֶרן און
דעֶר האָהן אויפ׳ן שוהל־דאַך.

„צווישעֶן אײַן אַקט און דעֶם צווײַטעֶן געֶהט פאָרבײַ נו אײַן מינוט״.

# ערשטער אַקט.

(וויַבער, קינדער, קאָמישער אַלטער, פֿערשפּעטיגטע סוחרים).

בייַ מאַנכע טויערן שטעהען וויַבער און רעדען, און סודען זיך פֿאַרן אַרייַנגעהן. עס ווערט זיך געזע-גענט, די הענד געדריקט און וויַטער געשטאַנען, און גערעדט. קינדער אין מאַרק שפּיעלען זיך. אין אַ ווינקעל דרייַ, פֿיער מיידלעך – אין צייכען, צוויי יונגלעך – אין פֿערד און יאָגען, און טרייַבען זיך קרייַץ און קווער.

אין מיט מאַרק, זינגענדיג, פֿאַר מיעדקייַט שוין אָהן ווערטער, שפּיעלען מיידלעך אַ ראָד.




דאָס געזאַנג מיט'ן טאַנץ לעשען זיך, ווי צום איינ-שלאָפֿען. פֿון אונטערגעסלעך יאָגט פֿון צייַט צו צייַט אָן אַ פֿערקלאַפּען פֿון אַ שווערער געשעפֿטס-טיהר, פֿון פֿערלעגען אַ קוועטר-אייזען, אַ סקריפּ פֿון איין אַלטען שלאָס א. ד. ג.. דאָס ערשטיטערט: וויַבער הייבען זיך אָן געזעגענען, מאַנכע קינדער טרעטען אַרויס פֿון ראָד, וואָס דרעהט וויַטער, ווי פֿערחלומט, שוין נישט צוריק געשלאָפֿען...

### א מיידעל

(פֿון ראָד אַרויבטרעטענדיג).

מיעד ווי אַ לײם!

### א צווייטס

(צוקומענדיג).

ס'איז קיהל...

### א דריטס.

אָהן יונגליך איז קײן שפיעל –

### א יודענע.

אַ גוטע נאַכט! קינדער, אַהײם!

### קינדער.

באלד! באַלד!

### א פירטס

(בײ די ציינען).

זי מאַכט שקר, זעהט!

### וויבער־שטימען:

– קינדער!

– ס'איז שפעט!

– דאָס עסען ווערט קאַלט –

## דאס יונגעל, וואס טרייבט אן.

אַ הײם, פֿערדאַלע, וויאָ! וויאָ!

## דער קאמישער אלטער

(קומט אַרויס פֿון טויער, אין נעגליזש, מיט אײן אַריבערגעוואָרפֿענעם גרילען שלאָפֿראָק, און אַ ווײסע שלאָפֿמיין איבער די אויערן. וועהענדיג מיט אַ פֿלעדערוויש).

אַ – שאָ! אַ – שאָ! אַ – שאָ!

(קינדער צעלויפֿען זיך מיט געלעכטער, ווײבער לאָזען זיי דורך און פֿערשווינדען אין די טהויערען. דער קאָמישער אַלטער ציהט זיך שטאָלץ־וויגעריש און לאַנג־וואַס צוריק. עס קומען אָן

פֿערשפּעטיגטע סוחרים.

ערשטער און צווייטער

(געהען פֿון שוהל-צו'ם קלויסטער-געסעל).

דריטער און פיערטער

(פֿון קלויסטער-צו'ם שוהל-געסעל).

פינפטער

(פֿערמאַכט זײַן געשעפֿט אין מאַרק און געהט צו'ן אַ טויער, קלינגענדיג מיט די שליסעל).

ערשטער.

פֿערקויפֿט אַלט-וואַרג אַ וואָגען...,

צווייטער.

אָבער אַלץ אויף באָרג –

דריטער.

מיך צופּט דער מאָגען!

ערשטער.

האָב איך אַ זאָרג!

איך – גיב מעהר אַלס פּאַפּיער?

פיערטער.

ווילסט פּליאַקעס? קום אַרײַן צו מיר.

פינפטער

(קומט אין מאַרק אַרײַן, ניעסענדיג און קלינגענדיג מיט די שליסעל).

האָב איך אַ קאַטער!

ערשטער

(צוקוקענדיג).

נעהם אויף שוויצען –

פיערטער

(דיטאָ).

טראָג קאַלאָשען טיעפֿע!

צווייטער.

נעכטען געווען אין טעאַטער...

פינפטער.

איך געה היינט איף אַסיפה...

ערשטער

(צום פינפטען).

נעהמסט פינף און צוואַנציג פּראָצענט?

פינפטער

(גיעפט).

ווע – ניג –

צוו יטער.

גענוג... גיט איך די הענד!

פינפטער.

נו... גע-גע-גע-מאַכט...

(געזעגענען זיך).

גוט-נאַכט. גוט-נאַכט. אַ גוטע נאַכט..

(צעגעהען זיך).

## שכורים

(זענען ארויסגעקומען פון שענק, וואס פערטאַכט זיך הינטער זיי).

ערשטער

(וואַקעלט זיך).

איהר זעהט?

אויף איין ברעט!...

צווייטער

(זינגט; אַנדערע חאַפּען אונטער).

פרעהט איך, זינגט!

טרינקט!

װען, אַז נישט איצט?
בעכער — קלינגט!
ליעבט אײַך, טרינקט!
ס'לעבען פערבליצט!...
פאַר'ן טויט איז קײנער ניש' בעשיצט!

ערשטער.

נישט בעשיצט!...

(װאַקעלט זיך, פאַלט; אַנדערע, נישט בעמערקענדיג עס — אָב).

## צװײ מײדלעך.

ערשטע

(לעזט אַ בריעף בײַ'ן אַ לאַמטער).

צװײטע.

װאָס שרײַבט־ער?

ערשטע.

נאָר אָן מיר גלײבט ער —
אָן זײַן אײנציג, נישט פערלאָשענעם שטערן!

(טאָן־ענדערונג).

ער קושט מיר די אויגען, די בלאָהע —

צװײ טע.

האָבען האָבט'ו גראָהע —

(צ׳ב).

## יונגע לײט.

(שטימען).

— דער עיקר שְׂכָלים —
— אַ לערער חָלום —
— אײן ענגער דאַריזאָנט!
— אַ פאָלק, װי אַ מענש, מוז האָבען אַ היים!

– דערווײַל – אַ סײַם –
– רויך און נעבעל – ניש׳ מעהר –

דאס נאכט־מיידעל.

קומט מיט מיר, ווער...
(יוגגע לײַט צערשטרײַען זיך,
צון אײַן אונטערקומענדיגען ארבײַטער).
דו... דו ביזט דער שוועסטער, דער בעסטער...
כ׳וועל דיך ליעבען –

ארבייטער.

שוועסטער!
ווי האסט דו דיך אַזוי פערגעסען?...

דאס נאכט־מיידעל.

ד׳בין הונגעריג... גיב איך עפעס עסען –

ארבייטער.

שוין אַ חודש, אַז איך שטרײַק –

דאס נאכט־מיידעל.

(שטרענג).
נו, שווײַג!

(צעגעהען זיך).

דער שכּור.

ליג איך!... אַזוי ווי׳לך... אויסגעשטרעקט...
ווי היימיש די ערד שמעקט...
אָהן הענד די נשמה גלעט־זי...
און מאַמע־לשון רעדט זי...
מאַמע, איך זויג בײַ דיר –

נאכט־מיידעל

(צוקומענדיג).
קום צו מיר... קום צו מיר –

## שכור

(פון מײַדעל אויפגעהויבען...).

גוט... זעהר געעהרט...
פרײַליין... שמעקסט אויך נאָך ערד...
פיהר מיך, פיהר!

(ביידע אָב).

## „ער און זי"

(קומענדיג פערטראַכט פון קעגען־איבער־זײַטען. שלאָגען זיך כּמעט אָן).

ער.

פראַל ניש׳ צוריק!
אין דער פינסטער ברענגען דײַנע אויגען!
נאָר צופאַל גיט גליק...
לאָז, לאָז דורך זײַ זויגען
די נשמה אויס בײַ דיר —
און דו — בײַ מיר!
נישט גערעדט! נישט געפרעגט — גענימעסען!
דאָס מינדסטע װיסען לעמט,
מען פראַלט צוריק דערשראָקען, פערשעמט...
ס׳פערבליהט אײדער ס׳בליהט...
נאָר דער אונבעקאַנטער אָבגרונד ציהט,
נאָר אין זײַן פינסטערער שוים
פלאַמט־אויף די מיסטישע רויז...
בליצט־דורך דער שוידערהאַפטער בליק...
אין דער פינסטערער היץ,
צוויי שאָטענדיג דורכגעפלאָכטענע זעלען...
װעלען אויפפלאַמען רויט —
און בעגליקען זיך צו׳ם טויט,
און ביז צו׳ם טויט קוועלען...

(אָב).

(עָס גֵעהָען נאָך דורך)

**א שאכער**

(מִיט אַ קֶעסטֶעל אויף דִי אַקסֶעל).

**איי: אויבּם־יודענע**

(מִיט אַ קאָרב אִין דעָר האַנד).

**א יונגעל מיט א מיידעל**

(וואָס האָבּען, קענטִיג, נִישט וואו צו געָבּטִיגען און קוקען זִיך
ענטשפרעָכֶענד אום).

(שטִילֶע פויזע).

**דיכטער**

(טרעָט אַרוים אויף אַ באַלקאָן).

(דעָקלאַמִירט).

אַ שטִיל פֶערכּוֹדעֶטע נאַכּט
האָט אײַנגעֶהִילט דעֶם מאַרק דעֶם אַלטעֶן.
טהִיר, טוֹיעֶר און לאָדעֶן פֶערמאַכּט.
דאָך, דורך מאַנכֶע טהִיר־און לעֶדעֶן־שפּאַלטעָן
שפּאַרט זִיך אַרויס, שטראַהלעֶנדִיג־רויט,
דעֶר פלײַס... דִי נויט...
אֶפְשֶׁר הײַמִיש גלִיק און שפִּיעל...
שאָטעֶנדִיג־קִיהל
אַ ווִינדעֶל יאָגט
און צוטראָגט
אַ שטִיל, שטִיל גערוֹיש:
פון שעֶנק אַ טרִינקעֶר־געֶפּלוֹיש,
דעֶם לעֶשעֶרס: טִיפּ־טאַפּ, טִיפּ־טאַפּ...
הִילכֶעֶנדִיג טרעֶט עֶר און שווערֶ...
וואו עֶר שטעֶלט זִיך אָב, גִיט אַ קלאַפּ,
שטאַרבּט אָב אַ לאַמטעֶר...

(טאָן־ענדערונג).

נאַכט, לעשער!

לעשער

(לעשענדיג דעם לעצטען לאמטער)

נאַכט, דיכטער!

(אָב).

דיכטער.

פערלאָשען אלע ליכטער...

פאַר דאָס שיינען אַלץ העלער און העלער,

טהורם און קריַיץ... די מעשענע טעלער...

דעם רופא'ס לעמפיל הייבט שטאַרקער אָן צו בליצען,

און דער וועכטער קומט, דעם מאַרק צו בעשיצען.

וועכטער

(אָנקומענדיג).

איך בין אויף מיין אָרט!

דיכטער

(צום הימעל געווענדט).

געלאָשען ווערט אויך דאָרט!

וואנדערער

(שווימט, ווי פון נעפיל ארויס).

דער זעלבער הימעל... די זעלבע שטערען...

די זעלבע ערד...

און דאָס אויער הערט.

און ווערט נישט מיעד צו הערען;

און דאָס אויג ווערט פון זעהען נישט זאַט...

פים ווערען מאַט...

(שפרינגט אַראָב פון א וועליסאָפּעד; קוקט זיך אום).

דיכטער.

אין מַעֲרָב־ראַנד
שאַפֿט אַ פֿערבאָרגענע האַנד.
רויכיגע נעכט שפּינט־זי
ווייסע פֿערעמלעך בינט־זי,
נעצען, נעצען שטריקט־זי
פֿאַר לְבָנָה און שטערען...

(טאָן ענדערונג).

עס ציטערט די לבנה –
זילבערן גאַנץ...
עס טריפֿען די שטערען
ן׳ גאָלדינען גלאַנץ,
ווי טרערען... ווי טרערען...

וועכטער

(אומגעהענדיג).

מענשען רעדען צו זיך!
וואָס אַרט עס מיך... וואָס אַרט עס מיך?

וואנדערער.

דאָ וועל איך רוהען, ביז עס וועט טאָגען.
און דאָס האַרץ, וואָס הערט נישט אויף צו נאָגען,
זאָל זיך אַליין שפּינען און וועבען
פֿון יענער זייט לעבען,
פֿון יענער זייט לעבען...

(זעצט זיך אויף אַ שטיין בײַם טויער).

וועכטער

אונרוהיגע מענשען... אונרוהיגע צייטען!

דיכטער.

די נעצען צעוואַקסען זיך, צעשפּרייטען!

שטערנדליך שרעק'ן=זיך.
לעשען=זיך, וועקען=זיך...
און ווערען, ווי גאָלדענע פישליך געפאַנגען...
אונטערגעגאַנגען.., ווײַטער אונטערגעגאַנגען!
צינד — די לבנה!

אַ טיק, אַ בויג!
גיט דעם לעצטען צאַפּעל...
ווי אָהן איין אַפּעל
אַ בלינד אויג,
ווי אַ שימעל,
האָט זיך אויסגעשפּרייט,
אַ ווײַסער טויטער הימעל —

וועכטער.
ניין מאָם רייר!

(פּויזע).

דיכטער.
עפּיס קלינגט... עפּיס קאָלאָטעט...
אַ שוואַרץ פערבלאָטעט
גראָה=לייַנוועטע בויד ווערט געצויגען...
דער שמײַסער דרימעלט... הויט און בײַנער
די פערד; זוכען מיט פערלאָשענע אויגען
אַ טראָפּען, אַ גרעזיל צווישען שטיינער...
עפּיס דערשרעקען זיך די פערד!

שמייסער
(האפּענדיג לייצען און בײַטש).
פּגרים, שיער נישט אומגעקעהרט!
(שמײַסט).

דיכטער.

גלײַך זײַ וואָלטען עפּיס דערזעהן –

וועכטער.

אונרוהיגע צײַטען, אונרוהיגע פערד!

שטימען פון בויד.

וואָס איז געשעהען? וואָס איז געשעהען?

די פערד

(לאָזען זיך אראָב אויף הינטערשטע פיס, רײַסען אויס גאַלאָפּ אין א געסיל אַרײַן).

דער ליץ

(בעווײַזט זיך, געהענדיג פון טיפען הינטערגרונד צום מארק צו).

דיכטער.

אין געדיכטען נעפּיל טוליען זיך פערשוואומען

די אַלטע מויערן –

גלײַך זײַ בעדויערן

עפּיס אָדער טרויערן

אָדער פאָרכטען זיך פאַר דעם, וואָס דאַרף קומען.

(אָב).

וועכטער.

נישט דאָ זיך וואָס צו שעמען...

ד׳ בין מיער!

אַ גאַנצען טאָג געהאַמערט און געשמידעט...

בלײַערנע ברעמען!

(זעצט זיך, שפּאַרט אָן דעם קאָפּ אָן א וואַנד).

שווער צו וואַכען ביז אין דער פריה!

(געניצט).

(מיט א בליק צום קלויסטער, דערנאָך צו דער שוהל).

זאָל היטען דער אָדער די!

(פֿון דרימעל).

עָס ווילט... עס ווי – – לט
זיך אזוי שלאָפֿען...

(שלאָפֿט איין).

## דער לץ

(קומט צו, שאָקעלט מיט'ן קאָפּ; נעהמט פֿון ווערטערם האלז דעם האָרן, קוקענדיג העהניש צום הימעל ארויף).

דיין עבענבילד!

(פֿאָרהאַנג).



# צווייטער אַקט.

---

דער לץ

(חאַם האַט, קענטיג, געפּיפען, אַוועקגעהמענדיג דאָס פייפעל פון מויל).

אויפגעפּראַלט, — מיט אַ פייף! —

זיי שאָטען־טהיר!

(רופענדיג).

אייזענפעסט!

קראָלמאַל־שטייף —

צוויי און צוויי און פיער!

גאָלדגעוויכט און זילבערטרעסט!

אַרוים איפ'ן שפּאַציער!

אויפגעפּראַלט די שאָטען־טהיר!

מאַן מיט מאַן, זייל מיט זייל,

באַרג מיט באַרג,

איבערן מאַרק,

איבערן אַלטען מאַרק

שפּאַציערט אַ ווייל'!

(מיט קאָמיש פערבעטענדיגע הענד־בעוועגונגען הינטערוויילאַכטס אָב).

וואנדערער

(פון דריטעל).

עס הייבט שוין אָן שפּינען... עס הייבט שוין אָן וועבען...

## א פרום ווייבעל.

אויף מְאִיר בַּעַל הַנֵס האָב איך געגעבען...
און דו קענסט אֱמֶתְ׳ך געלע,
בַּת שִׁפְחָתְ׳ךְ שָׂרָה־שײנדעל, אֵשֶׁת רֶ׳ אֶלְיֶ׳,
און דו ווייסט, ליעבער, בארמהערציגער גאָט,
אז ניט מיר צוליעב, ניט צוליעב מײן מאַן אֲפִילוּ,
נאָר איין־און־איינציג צוליעב דיין היילינ געבאָט,
געה איך טְבִילָה
זאָלסט דו מיך בעשיצען, רִבּוֹנוֹ דְעָלְמָא כּוּלוֹ,
וואו איך טהו מיך קערען און ווענדען...
און בענשען מײן טראַכט, און מײן מאַנס כָּשֵׁר׳ע לענדען...

(פערשווינד).

## ער און זי:

זי

(ווינשענדיג זיך).

מעבעל — ווייס; זילבער׳נע טאַפּעטען —

ער.

געבויטען דאַרפסט דו, קינד, ניט בעטען —

זי

(ווי פריהער).

אַ גאָלדענער אַמפּלוּאַ...

ער.

דאָס ברענג איך פון טריעסט...

זי.

און בלומען פיעל... פיעל...

שמעקענדיג־שאָטענדיג־קיהל

זאָל זיין אונזער נעסט...

(פערשווינדען).

סוֹחְרִים:

– אויפ׳ן יְרִיד? – מְאַרְבַּע כַּנְפוֹת הָאָרֶץ!

– איך פֿאָר מיט׳ן פְּרִיץ...

– און איהר ר׳ חִדְקָא...

– ד׳האָב מײַן אײגען פֿערד און בּירקע...

– איך געה צו פֿוס, ד׳קען אײַך אונטער־װעגעל –

א נַע וָנָד

(פֿערבײאײַלענדיג.)

מײַנע נעגעל... װאו זענען מײַנע נעגעל?

## צװײ בַּעַל־עֲגָלָה׳ס:

ערשטער.

מײַנע פֿערד?

האָבער! פֿון זײדען אַ קַבָּלָה

פֿון אַלטען יוֹסֶל בַּעַל עֲגָלָה,

עָלָיו הַשָּׁלוֹם, געהערט?

צװײטער.

אַ שְׁאֵלָה!

מײַנע – קלײַנע און מאַקאַך!

און גיב איך מיך אַ זעץ אויבען אָן,

נעמ׳ך ס׳בײַטשעל, און קנאַק׳ך.

שװיצט מען אין בֵּית־דִין שֶׁל מַעֲלָה,

טאַנצען שֵׁדִים אין קאָן!

(אָב.)

## חַזָן און יונג װײבעל:

חַזָן.

עס זינגט זיך נור צו דיר,

אַלץ דורך דיר, אַלץ פֿאַר דיר!

מען לאָזט פֿון פֿאָרהענגגיל נישט אַראָב קיין אויג —
ס'האַרץ חַלֶשְׁט: זאָל זיך עס געבען אַ בויג...
זאָלען זיך בעוויַיזען די זיסע עֵינַיִם,
וועט געהן: גְדִי — קָשוּר — יָדַיִם...
בְּרָכוֹת לִישָּׁא — אָ — אָ — אָ —

(אָב).



## א ווייבעל

(בלאָזט זיך אויף די נעגיל).

אוּ — אוּ — אוּ, אוּ — אוּ — אוּ,
אוי, ווי איך פֿריהר! אוי, ווי איהר פֿריהר...

(אָב).

## אַ שְׁכִיב מְרַע.

און איהר,
כָּשֵׁר'ע עֵדִים, הערט! און דו, סוֹפֵר, כָּשֵׁר'ער, פֿערשרייב,
וואָס איך, יוֹסֵל, בֶּן, זֵכֶר צַדִיק לִבְרָכָה, ר' לייב,
געזונד אויף דער נְשָׁמָה, חאָטש קראַנק אויפֿ'ן לייב,
זאָג מיט אַ קלאָרען שֵׂכֶל און אַ פֿעסטע דֵעָה:
אַ קֶרֶן קַיֶמֶת
אֶלֶף דינָרִי זָהָב! פֿאַר יוֹדְעֵי חֵן און אַנְשֵׁי אֶמֶת,
צוצוטהיילען שָׁנָה בְּשָׁנָה — אַ מֵאָה — —
אויך, ווייסט דער בּוֹחֵן לְבָבוֹת —

(אָב).

## חֶבְרָה נוֹשְׂאִים. שַׁמָש

(רופֿט; גלייך ער האַלט און קלאַפּט מיט אַ פּושקע).

צְדָקָה תַּצִיל מִמָּוֶת! צְדָקָה תַּצִיל מִמָּוֶת!

(צו זיך מיט אַ שמײכעל).

איך טרײַב קײַן קאַטאָװעס:
מיך און מײַן הױז־געזינד,
מײַן װײַב און קינד —
טײַנע גראָהע צעפּליך! —
(שטעקט די האַנד אין פּושקע; שרעק:)
קנעפּליך! סאַמע הױזען־קנעפּליך!

(עס קומען אַן:)

ארבייטער

(רעדען קאָנספּיראַטיװ, װאָס אַמאָל שטילער).

א בלינדע

(װאָס איז נאָכגעגאַנגען די שטימען, שטעלט זיך, בײַם שטיל־װערען, אָב).

חברים, ד׳בין דאָך בלינד...
פערשיקט, האָב איך דאָ די אױגען פערלױרען;
מיך האָבען געפיהרט די אױערן,
איז שטיל אַ צינד!

(רעדעלט, זיך אײַנהערענדיג, אַרום).

אַ לאָמער.

אין טורמע אין קײטען געזעסען...
אַ פּוס געפּױלט; אַראָבגענומען...
האָב׳ן איהם די מײַז אױפגעפרעסען...
נישט צו קבר ישראל געקומען...
געמאַכט אין דומע אײַן אינטערפּעלאַציע...
האָט די ביוראָקראַציע
די דומע צוטריבען...
בין׳ך לאָם געבליבען...

(אָב).

מַשְׂכִּילִים:

– הע? מיר שעפּען נַחַת!

– די פלעדער־מייז לְהַבְעִים!

– דאָ וואָהנען געווים איבעראַל...

– אינזשעניערען, דאָקטוירים...

– די צייט געהט נישט צוריק!

(צום רויטען דאַך וועזענדיג).

– דאָרט – געווים אַ יענעראַל!

(איין אונטערקומענדיגער).

אַרבּייטער.

חמוֹרים!

ס'אַ פאַבּריק!

(אָב, משכּילים־דערשראָקען. אַרבּייטער, לאַכענדיג).

א געקעפּטער

(בלאָנדזשעט אַרום מיט'ן קאָפּ אין די הענד פאַר זיך).

א סאָלדאַט

(מיט אַ דורכגעשאָסענער ברוסט, קומענדיג איהם אַ קעגען).

ביזט אויף מיר ביין?

(אַז יענער הערט נישט, שטעלט ער איהם אָב, זעצט איהם דעם קאָפּ אויף האַלז און נאַקען אַרויף).

ביזט אויף מיר ביין?

דער געקעפּטער

(בעטראַכטענדיג די וואונד פון סאָלדאַט).

איך ווייס?

דאָס האָסט דו מיך צורעכט געמאַכט?

סאָלדאַט.

– נישט בעוואוסטזיניג געווען –

איהר – מיך – געשאָסען...

(ווייזט איהם די וואונד).

דער געקעפּטער.

האָט דיך פֿערדראָסען ?

סאָלדאַט.

וואָס געשעהן איז געשעהן ! —

(געאָרמט אָב).

א געהאנגענער

(מיט א שטריק אויפ׳ן האַלז, אַרויסגעזעצטע אויגען).

מיט אַזוינע אויגען זעהט מען ווייטער און בעסער !

(אונרוהיג, זוכענדיג ביי זיך).

אָבער וואו איז מיין מעסער, וואו איז מיין מעסער ?

(אָב).

(פֿון שוהל הערט זיך א געוויין).

(פֿון רעכטס און לינקס קומען אָן)

צוויי חברה׳ס יונגע לייט.

דיכטער

(געהענדיג פֿון הינטער-צום פֿאָדערגרונד).

הערט זיך איין, הערט זיך איין,

צום שטילען געוויין, צום אַלטען געוויין...

פֿון שוהל אַרויס קומט־עס,

ווי א טויב ברומט־עס,

און עס טרויערט און עס קלאָגט:

ווער דעם מלך, וואָס האָט זיין זוהן פֿערי אָגט,

זיין פּאַלאַץ צערשטערט !..

דער צער איז טיעף ווי אַ ים —

דער קלויסטער גלאָק

(וואָס האָט זיך צעוויינט:

בים — באָם ! בים — באָם, בים — באָם !

(פֿערשוויינט).

## שטימען

(פון צווישען די חברה׳ס.

— איהר הערט!

— עס קלינגט אפ די ערד!

— עס ציטערט דער וואלקען. אין דער הייך!

— און אונזער שוהל שטעהט שטום און בלאַך...

— און אונזער שוהל איז האַלץ,

עס פרעסט זי דער וואורם,

און פאלט פאר וועהטאג צוזאמען — —

— מיר געהען זוכען א לאנד —

— פערגעסט נישט די אלטע מאמען,

דאס הייליגע לאנד.

(ארבייטער קומען צוריק).

(געהען אפ).

## איין ארבייטער.

און איך זעה נור איין קאנסעקווענץ

(מיט א בליק צו שוהל און קלויסטער)

נישט דאס — נישט יענ׳ץ!

אלץ, וואס דריקט,

שטיקט

לעבט פון רויב,

און ווערט פערגעטערט, —

מוס ווערען צערשמעטערט

אויף שטויב!

## דער געהאנגענער

(שטעלט זיך אויף א שטיין).

אויפ׳ן הויכען שטיין שטעה־איך,

און מיט מיינע אויסגעגלאצטע אויגען זעה־איך:

עס קומען צו רײַטען
פֿון װײַטען, פֿון װײַטען
די זיסע, די פֿרײַע,
די נײַע —
די גאָלדענע צײַטען —

בלינדע.

איך הער זײ פֿון טראַקט -
װי עס הילעכט, װי עס קנאַקט —
האָפּ־האָפּ! האָפּ־האָפּ!

געקעפּטער.

אמת, נאַט אײַך מײַן קאָפּ,
נאַט אײַך מײַן קאָפּ!

(חאַפּט׳ס און שטרעקט׳ס פֿאַר זיך אויס).

(איבערצײַגטע בעװעגונג).

(עס בעװײַזען זיך:)

## ער און זי.

(לעבענדיג. זײ זעהען די שאָטען ניט, שנײַדען זיך דורך די חברה׳ס און אַרבײַטער. געהען געאָרמט צום פֿאָדערגרונד. חברות און אַרבײַטער רינגלען זײ אַרום, פֿערחדושט, בעמיהענדיג, זיך עפּיס צו דערמאָנען, קוקענדיג זײ אין די אויגען אַרײַן).

ער.

געבעטען דאַרפֿסט דו, קינד, ניט בעטען.

זי

(מיט אַ טרײַמערישען שמײַכעל).

...מעבעל װײַס, מיט זילבערן בעשלאָג...

עֶר.

זאָג ווײַטער, זאָג...

זי.

אין שלאָף־צימער ראָזע־טאַפּעטן...
און בלומען אַ סך... אַ סך...

(פּלוצלינג דערשראָקן).

אָח!
אַ וואונדערליכער שאָטן איז דורכגעפלויגן –

עֶר

(נישט גלייבּיג).

קינד!

זי

(מיט לײַכט בעדויערנדען פּאָרוואורף).

מענער זעהען נור מיט די אויגען!

(צוריק דערשראָקען).

עֶר

(אונרוהיג).

וואָס ווײַטער!

זי

(זיך איינהערענדיג).

אַ וואונדערליכער קלאַנג...
נישט געבעט,
נישט געוויין און נישט געזאַנג...

עֶר

(אונרוהיגער).

קום, קינד, ס'איז שפּעט...

זי

(ווײזענדיג איבערן געפּיל, צום האָריזאָנט ארוים).

פון דאָרט קומט עס, פון דאָרט...

ער.

פון הײליגען אָרט?

איך — הער ניט' א וואָרט!

זי

(בעדויערנדער פּאָרוואורף).

מענער הערען נור מיט די אויערן!

(מיט וואקסענדער אונרוהע).

א טרוקענער קלאנג...

גלײך עס עפענען זיך טויערן...

גלײך עס ריקען זיך שטײנער...

גלײך עס שלאָגען זיך בײנער אָן בײנער...

(לײגענדיג דעם קאָפּ אויף זײן ברוסט).

מיר איז אזוי באנג, אזוי באנג...

ער.

ווײבער הערען! וואָס עס הערט ניט' קײנער...

(אָב).

(אין טיעפערן הינטערגרונד איז געשעהען, ווי זי האט געזאָגט.

(אויפגעוויגט האָט זיך א בית־עלמין — אויפגעפּראלט די טויערן — מצבות האָבען זיך אָבגערוקט, קברים האָבען זיך געעפענט — מתים זענען ארויסגעקומען — געשטעלט זיך, אנגעשפּארט אָן די מצבות און קוקען צום מארק).

(ערגיץ וויט, לאנגזאם, טרויריג, שווער און קרעפטיג שלאָגט א ווײגער צוועלף —).

(מתים ריהרען זיך, געהען צום מארק).

## א שאָטען־שטימע.

עָס געַהט דעָר טויט! ווייִנט, ווער עֶס לעֶבּט!

(שאָטעָן אַלמעָלינג אָב).

## וואנדערער.

דָס שפּינט און עֶס וועֶבּט! עָס שפּינט און עָס וועָבּט!

(פֿאָרהאַנג).



# דרִיטֶער אַקט.

## מֵתִים־באַלעֶט.

— פאָרהאַנג —

(דער מארק ווִימעֶלט שוין פון מֵתִים, די שאָטען פון עולם הַבָּא ווַירען וואָס אַמאָל וועֶנִיגעֶר, פעֶרלִיערען זיִך.)

### דרַיי גרַייז־גראָהעֶ מֵתִים

(קומען, פאָרבַייגעֶהענדִיג, צום פאָדערגרונד.)

**ערשטער**

(וועֶחמִיטִיג.)

קיינער נאָך געֶקומען... געֶמוזט אַוועֶק פון דאַנען...

**צווייטער**

(מִיט קִנְאָה.)

גוט, דו קעֶנסט'ך דערמאַנען, נאָך עֶפִּיס דערמאַנען...

(מִיט צַעַר.)

אִיך האָב שוין מַיין נאָמען פאַרגעֶסען!

**דריטער.**

קוּק אויף דער מַצֵבָה!

**צווייטער.**

דורכגעֶפרעֶסען!

נִישט צו זעֶהן קיין אות!

ערשטער.

אַ פֿערדראָס!

(נאָך אַ פֿערטראַכטער פּויזע.)

איינס מעכט איך דאָך וויסען:
דער וואָיעוואָדע — פֿאַר וואָס האָט ער מיך געשמיסען?
אומשולדיג! — ד׳קען איך שווערען!

דריטער

(קאָפּ שאָקלענדיג.)

פֿון וואָס אַ בּר־מנן האָט צו קלערען!
געווען אַ שלעכטער!
געשמיסען מיך, מיין ווייב, מיינע טעכטער...
אנגעלאָפֿען בּיילען... פּרענגים רויטע, רויטע...

צווייטער

(וואָס האָט נישט געהערט, מיט פּלוצלינגער פֿערצווייפֿלונג.)

אָבער — ווי לאַנג לעבען טויטע?
ווי לאַנג לעבען טויטע?

(אַלע דריי אָב צום שוהל-געסיל.)

# דריי אַלטע:

ערשטער

(פֿערטיילענדיג. ראָלען:)

(צום צווייטען.)

דו וועסט זיין חזן!

(צום דריטען.)

דו, גיה פֿון אָרט צו אָרט!
גערעדט זאָל נישט ווערען אַ וואָרט!
אַ וואָרט — אַ פּאַטש! און שום מורא! — —
איך וועל זיין בּעל־קורא!

דריטער און פירטער

(קומען אונטער.)

דריטער.

אויב איך געדענק?
אַט דאָ איז געוועזען מיין שענק
מיט דער אַבְסַנְיָא צוזאַמען...
אַ יְרוּשָׁה, עָלֶיהָ הַשָּׁלוֹם, פון דער מאַמען!

(ציטעריגע שטימע.)

איין אויג אין קאָפּ — אַ טאָבּטער געהאַט...
איינמאָל — ד׳בין געלעגען קראַנק —
געקומען דער גַלָּח —
אַרויסגענאַרט — אָפּגע׳שְׁמַדט...

פערטער.

שוין לאַנג?

דריטער.

תּר... יום ב׳... בְּשַׁלַּח...

פינפטער און זעקסטער

(קומען אַן.)

פינפטער.

מען זאָל נישט קענען טהון קיין מִצְוָה!
בִּקוּר חוֹלִים! טהיילען קְצָבָה!
חאַטש שופָר־בּלאָזען הערען —
ס׳חאַפּט אַן אַ געוויין...

זעקסטער.

האָסט טרערען!

אָ — האָ!

(ביידע אָב.)

## צוויי יונגע לייט.

ערשטער.

לערנען לערנט לשמה
ערשט אַ מת, וואָס איז פּטור פון תורה,
וואָס טוישט נישט אוים די בעסטע סחורה
אויף נדן, הלבשה, קעסט –

צווייטער.

אָבער מען פערגעסט!

(בײדע אָב.)

## צוויי אַלטע אַפּיקורסים.

(טליתים אויף די אַקסעל.)

ערשטער.

חי – חי – חי!

צווייטער.

עפּים דערמאַנט?

ערשטער.

תשעה באָב... אונטער די טליתים...
(עס־בעוועגונג מיט'ן מויל.)
מען האָט זיך געטהײלט!

צווייטער
(שמײכעלט.)
געווען גוטע קונדײסעם!

ערשטער.

איך האָב געהאַט אַ קיבעלע...

צווייטער.

איך אַ וויקאַלע.

ערשטער

(מיט איכה־נגון.)

מיר אַ שטיקאַלע, דיר אַ שטיקאַלע!

(פּויזע.)

ערשטער.

חי — חי — חי!

צווייטער.

וואָס ווייטער?

ערשטער.

(שמייסענדיג דעם צווייטען אין אַקסעל, צייגענדיג צו די וועבער.)

זי... זי! — די שמש'טע!

צווייטער.

(אַ ליפּ־באַוועגונג.)

געוועזען בלאַט!

הע? — אויגאַניס האָט זי געהאַט!

ערשטער.

פלעגט זיך אַמישנע שטעל'ן אין פּאַליש אין ווינקעל...

צווייטער.

די אויגאַניס — אַ בלין, אַ פּינקעל...

ערשטער.

ד'פּלעג'ר גע'ן אַ קניפּאַלע,

צווייטער.

איך אַ צוויקאַלע...

ערשטער

(איכה־נגון).

מיר אַ שטיקאַלע, דיר אַ שטיקאַלע!

(אָב.)

## צוויי יונגע לייט.

### ערשטער

(האלט אָב דעם צווייטען, וואָס ציהט זיך צו׳ן א לאָדען-צו.)

פאָלג מיך, געה ניש׳.

### צווייטער

(צום לאָדען צו.)

איך בענק אַזוי, דו ווייסט...

(זוכט אַ שפּאַלט.)

### ערשטער.

קוק ניש׳, זעה ניש׳...

### צווייטער

(שפּרינגט אָב.)

שוין געטרייסט... שוין געטרייסט –

(ערשטער פיהרט׳ם אַוועק.)

## מֵתוֹת.

### א מאַמע מיט א טאָכטער.

### טאכטער

(האַלטענדיג זיך אין שאָטען פון די הײַזער).

אַ חַרְפָּה פאַר לײַט; תַּכְרִיכִים ווי די ווֶעק!

### מוטער.

אַבי גאַנץ... אַבי אָהן אַ פלעק!

### טאכטער.

דאָס קענסט׳ו, אַלטע מאַמע, נישט פערשטעהען...

### מוטער.

און וויפיעל מֵתִים, מיינסט׳ו, זעהען...

אַיי, רייזעל, רייזעל!

(בײדע אָב.)

(פֿון די אָבגעהענדיגטע שפּטען.)

## צוויי בַּעל בָּתִּים.

### ערשטער.

האָב איך אַ הײַזעל!
ציגעל און אײַזען די װענד!
ביז׳ן נאָפּעל פֿון דער ערד אַ פֿונדאַמענט...
ווינד, פֿײַער, וואַסער, — זאָל׳ן ציטערן שְׁכֵנִים —
איך הער נישט קײנעם!
איך שטעה אויף מײַן אָרט!
און אַזוי איז מײַן וואָרט...
יַ״ש — איז יַ״ש;
פּרים איז פּרים —

### צווייטער.

איהר זענט אַ בַּר נַש!

(בײדע אָב.)

## הַקְּרָנִים.

(וואָס זענען אונטערגעקומען און זיך אײנגעהערט.)

### ערשטער.

מען צווײפֿעלט אין הײַזער, סָפֵק׳עט אין קְבָרִים...
און דאָס אויף אײן אײַזערנער בריק!

### צווייטער.

גאָטס שווינדעל!

### דריטער.

זײער שאַנד!

### ערשטער.

זײער גליק!

(אויף די מֵתים אין מארק.)

און די – גלויבען נישט אין טויט –

איין אויג פלאמט נאָך אויף, אַ פָּנים ווערט רויט!

עס העבט אָן אַ שלויף צו קלאַפּען!

אַ האַנד שטרעקט זיך אויס צו חאַפּען –

(אויף אַ חֶבְרָה מֵתים, וואָס לאָזט זיך צו דער פאַבריק.)

די געהען קאָנספּערירען – קריצען מיט די צייהן –

(צו אַ פרומען אַרבּייטער, וואָס ווענדט זיך צו דער שוהל צו.)

געהסט נישט מיט?

## פרומער ארבייטער

(דערשראָקען.)

ניין! ניין!

אויפגעהאָנגען אויף דער פּאָליצע די צייהן,

שִׂמְחַת תּוֹרָה קוים געוועזען זאַט –

פאַר דאָם – אַ לְוָיָה געהאַט!

אַ טַהֲרָה – בְּכָבוֹד, פיין!

הַשְׁעָה קַבִּין געגאָסען! דער גַּבַּאי אַליין!

מיט זילבערנע גאָפּעליך די נעגעל גערייניגט...

האָט מען זיך אַ ביסל געפּייניגט...

## קינדער

(לויפען אָן, שמועסען אָב די פּאָרזיגע.)

### קינדער-שטימען

**רעכטס:**

פּי – פּי – פּי!

**לינקס:**

די מאַמע איז נישט היי!

(לויפען דורך)

## עטליכע מיידליך.

### איינס.

איידער די נאכט וועט קלייבען,
לא׳מיר שפיעלען אין ציילען –
האט איהר א שטיינדאלע, נאך א שטיינדאלע...

(קלויבט.)

### א צווייטס.

קומט אהער אלע, אלע!
וועל׳מיר שפיעלען חתן כלה –

שטימען.

רעכטס:

ווער איז די כלה!

לינקס:

קריינדאלע!

רעכטס:

ווער איז דער חתן?

רעכטס און לינקס:

דער שיינער נתן! דער שיינער נתן!

(שפיעלען.)

### א דריט מיידעל.

(זינגט און פארבינדעט.)

זען׳מיר ביידע שפאציערען געגאנגען,
צווישען ווייץ און צווישען קארן –
די וועגען, וואו מ׳זע׳מיר שפאציערען געגאנגען –
זענען פערוואקסען געווארען...

(אב.)

### זען'מיר בײַדע שפּאַציערען געגאַנגען (זײַטע 42



### ציגעלע, מינגעלע, רײַב די קלאָצקעס (זײַטע 44



### שפּיעלט, קלעז—מאָאָרים שפּיעל אַ דו—·—מע (זײַטע 45



### וואַרפט אַראָב די ציפּקים (זײַטע 46



**איין אנדערע חֶבְרָה קינדער**

(קומט אָן זינגענדיג.)

ציגעלֶע, מיגעלֶע, רייב די קלאָצקעס,

רויטֶע פּאָמעראַנצֶען;

אַז דער טאַטע שלאָגט די מאַמען,

גֵעהֶען די קינדערליך טאַנצֶען —

(דערזעהען אָנקומען קלעזמער, דערפרייט:)

קלעזמער געהען, קלעזמער געהען!

**די ערשטע חֶבְרָה קינדער**

(פֿון ווייטען ווינקעל.)

וואו, וואו?

**די צווייטע.**

דאָרטען, דאָרטען!

(קינדער לויפען צו די קלעזמער, וואס קומען אָן אין מיט מארק ארײַן.)

**אַ בַּעַל־בַּתִּיש ווייבעל**

(צו די קלעזמער.)

שטעלט אייך אָב, ד'בעט'ך,

איהר זעהט'ך,

ד'בין אַ בַּעַל־בַּ'תִישע אַ שענע,

אַ פֿײַנע! —

שפּיעלט אַ ברוֹגֶז־טאַנץ!

שפּיעלט מיר אַ ברוגז־טאַנץ!

איהר וועט זעהן,

איך טאַנץ אַזוי שעהן...

קלעזמער

(שטעלען זיך אָב; מאַכען בעוועגונגען, גלייך זיי שפּיעלען אויף פֿערשיעדענע אינסטרומענטען.)

(ווער שטילע מוזיק.)

## איין אלטע „מוהמע"

(זינגט.)

שפּילט, קלעז – מאַאַזאַים שפּיעל אַ דו – – מע,
האָטש איין אָרימקעגע, פאָרט אַ – מוה – – מע!

(אַז מען הערט זי נישט, איינפאַך און זעהר טרויריג.)

ניש׳ געבעטע׳... אַליין געקומע׳...

## א יונג ווייבעל

(בלאָזט אויף די נעגיל.)

געפרוירען... ד׳ אויערן, די נאָז!

(בעמערקט די קלעזמער.)

וואָס שפּילט איהר? – וואָס?

נע – וואַאַאַלט!

מיר איז אַזוי קאַלט, אַזוי קאַאַלט!

ער איז געווען אַזוי אַלט, אַזוי אַאַלט!

קוים זיך געריהרט...

אוי, ווי עס פריהרט! אוי, ווי עס פריהרט!

עה! שפּיעל עפּיס רעכטס! זאָל הילכען, קלאַפּען –

רוישען, זידען... זאָל פלאַקערן... ברענען –

לאָ׳מיך האָטש קענ – ן

דעם אָטעם... דעם אָטעם האַפּען!

זאָל׳ן זיך מיינע בעקליך רייטלין, די אויגען – גלאַנצען...

(צום רעדעל ארום די קלעזמער.)

און איהר – טאַנצען, טאַאַנצען! –

זאָל מען זיך דרעהען, דרעהען...

זאָל׳ן די סאָיוועס וועהען, וועהען, וועהען...

(אָבגעהענדיג אין געפּיל.)

טאַאַאַנצען... טאַאַנצען... טאַאַאַנצען!

(מען שטעלט זיך טאַנצען; עס ווערט נור באַלאַנסירט.)

א ווייבעל.

וואַרפט אַראָב די ציפּקים,
לאָזט אַרויס די האָהר —
מ׳האַלט וואָס מען טאָר נישט —

שטימען.

אי, מע׳טאָר, מע׳טאָר!
איהר זעהט דאָך שוין, ס׳איז גאָר ניש׳,
לאָזט אַרויס די האָהר!

ליידענשאפטליכע שטימען

(פון נעפּיל אַרויס, צוקומענדיג.)

טאַ — אַנצען, טאַאַנצען, טאַאַנצען!

דאס יונגע ווייבעל

(אָבגעהענדיג.)

קאַאַלט... קאַאַלט... קאַאַלט...

ליידענשאפטליכע שטימען

(נעהנטער געקומען.)

טאַאַנצען... טאַאַנצען... טאַאַנצען...

דאס יונגע ווייבעל

(ווייטער אָבגעגאַנגען.)

קאַאַלט... קאַאַלט... קאַאַלט...

## פון עולם הדמיון: ער און זי.

ער.

היינט איז אונזער חתונה,
קלעזמער שפּיעלען שוין!
און די שענע געסט אַרום — —
לאָ׳מיר טאַנצען, קרוין!

זי.

מיִט דיִ חוּפָּה־שטעֶנגאליִך
קוּמט דעֶר שַמָש בּאַלד !

ער.

און דעֶר רָב וועֶט ציִטעֶרן,
ווייַל דעֶר רָב איִז אַלט ! –
האַרץ אָן האַרץ אויג איִן אויג
דריִק דיִך צוּ איִן גאַנצעֶן !

בּיידע.

האַרץ אָן האַרץ, אויג איִן אויג –
אַזוי איִז גוּט צוּ טאַנצעֶן !

(שַמָשִים מיִט אויסגעֶלאָשעֶנע הַבְדָלות פיִהרעֶן אַ כַּלָה אונטעֶר
אַ שוואַרצעֶר חוּפָּה.)

(מיִטלייַדיִג געֶטוּרמעֶל.)

כַּלָה.

ניִשט בּעֶטרויעֶרט מיִך,
ניִשט בּעֶדויעֶרט מיִך,
ד׳האָבּ׳ם נ ִי ש ט געֶוואָלט !

(גריִמאַס.)

און געֶפאָרכטעֶן – ווי פאַר שפּיִנעֶן, –

(שמייכעֶלט.)

אַ יוּנגאַלעֶ געֶהאַט איִן זיִנעֶן
אַ יוּנגאַלעֶ אַ גאָלד !

(קלאָגט זיִך קיִנדיִש.)

נוּר דיִ מאַמעֶ פלאָגט מיִך,
און דעֶר טאַטעֶ יאָגט מיִך...

(נאָאיִזו.)

האָט מיִך פֿון דעֶר נוֹיט

געֶראַטעֶוועֶט דעֶר טוֹיט...

דעֶר גוּטעֶר, ווייַסעֶר טוֹיט –

(טרעֶט אַרוֹיס פֿון חוּפּה, זיִך אוּמקוּקעֶנדיִג.)

אָבּעֶר וואוּ איִז מיַין יוּנגאַלעֶ,

וואָס מיַין האַרץ האָט האָלד?

(גיֶעחט אַרוּם און זוּכט.)

אָבּעֶר וואוּ איִז מיַין יוּנגאַלעֶ,

מיַין יוּנגאַלעֶ – מיַין גאָלד?!

(בּעֶט זיִך.)

גוּטעֶ מעֶנשעֶן, טרעֶפֿט איהר'ם

זאָגט, איך האָבּ'ן האָלד!

איִהר ווע͏ֶט'ם דעֶרקעֶנעֶן, דעֶרקעֶנעֶן!

פֿון עֶלפֿעֶנבּיין די צייַנדאַליִך;

אַ קוֹל'עֶכיִל – אַ גלעֶקאַלעֶ,

צוּ קיִשעֶן יעֶדעֶם לעֶקאַלעֶ,

צוּ קיִשעֶן אַלעֶ בּיינדאַליִך...

און אייגאַליִך ווי לעֶמאַליִך –

ציִטעֶריִגעֶ פֿלעֶמאַליִך;

יעֶדעֶר בּליִק – אַ הֶנ'דאַלעֶ...

טאָמעֶר טרעֶפֿט איִהר איִהם

טאָמעֶר זעֶהט איִהר איִהם

זאָגט, אַז שיינדאַלעֶ –

אַז זייַן גוּטעֶר פֿריַינד

בּעֶנקט נאָך איִהם און וויינט...

(פּויזעֶ.)

מֵתִים.

טאַנצען, טאַנצען, טאַנצען...

אַנדערע

(האַפּען אונטער.)

אַל'מען פֿערגעסען –

די פֿינסטערע קְבָרים! די ווערים, וואָס פרעסן...

און אַלע זִכְרונות, וואָס נאָגען און פּלאָגען...

בּוֹגֶרֶת.

ווי קען מען פערגעסען, ווי קענט איהר עס זאָגען?

אַזוי פֿיעל פֿערשווינדעלט, אַזוי פֿיעל גענאַרט!

יאָהרען אַזוי פֿיעל געהאָפּט און געוואַרט!

אַ לעבּען דורכגעלעבּט – אַ טויב שטומע נאַכט!

ניִשט הויך גערעדט, ניִשט געשטיפּט, ניִשט געלאַכט,

ניִשט געפֿרייט זיך, ניִשט געשפּיעלט!

קיין וואַרימע האַנד אַרום האַלז ניִשט געפֿיהלט!

איִן קיין אויג ניִשט אַריינגעקוקט טיעף – ניִשט, ניִשט!

קיינמאָל ניִשט געקושט, קיין איינציג מאָל געקושט!

עס האָט געצוויקט, עס האָט מיך געבּרענט –

ד'שנייד די נעגיל אַריין איִן די הענד!

איך קריץ מיט די ציינער –

ניין! ניין!

(שרייט.)

ווער וועט מיר דאָס פֿערגעלטען?

איך וויל שעלטען, איך וויל שעלטען!

גיט מיר אַ שטיין!!!

(אָב.)

### אַ מֵתים־שְׁטימֶע.

שפּיעלט, שפּיעלט, שפּיעלט,
שוועבט, שוועבט, שוועבט!
לעבט, וואָס איהר האָט נישט דערלעבט!
פיהלט, וואָס איהר האָט נישט דערפיהלט!

(הַכָּנוֹת צום טאַנצען.)

### אַ בְּתוּלָה.

(צו׳ן אַ בָּחוּר ווי־זאַ־ווי.)

בָּחוּר, בָּחוּר, לעבעדיג, פריילִיך!
איך בין דאָך מַלְכָּה, זײַ דו מיין מֶלֶך!

### דער בָּחוּר.

בְּתוּלָה, בְּתוּלָה, איי דו זאָלסט וויסען:
מיך האָט היינט רוּמָה דריי מאָל געשמיסען!

### אַ יוּנג.

מיידעל, מיידעל,
הייב אויף דאָס — —

### מֵתים שְׁטימֶען.

פוי, פוי! דאָס איז נישט איידעל!
דאָס איז נישט איידעל...

### ער און זי.

(ווילען טאַנצען ווי־זאַ־ווי.)

**ער.**

דאָס האַרץ האָט אומזיסט געבענקט און גענאָגט...

**זי.**

אלץ זיך אָבגעזאָגט, אלץ זיך אָבגעזאָגט!

**ער.**

ענטלאָפען פון גוטע, געמיעדען דעם וועג!

**זי.**

פּערוואָגעלטע נעכּט, פּער׳חשׁכ׳טע טעג !

ער.

זונען אַזוי פּיעל און שטערען פּערלאָשען !

זי.

ווי ליכּטליך מיר גראָשען ! ווי ליכּטליך מיר גראָשען !

ער.

מיר האָבען צעשמעטערט... וועלטען, אוי וועלטען !

זי.

ווער וועט אונז פערגעלטען, ווער וועט אונז פערגעלטען ?!

שְׁטִימֶען.

אוי, ג׳לוסט זיך צו שרייען, אוי, ג׳לוסט זיך צו שעלטען !

יוסל

(צום ווי־זא־ווי.)

בלומע, בלומע, טאַנץ מיר אַ קעגען,

לאָ׳מיר דערלעבען, וואָס מ׳האָט ניט׳ דערלעבט !

די בְּתוּלָה.

יוסל, יוסל — דו טאַנצסט ניט׳ אַ קעגען !

שטעהסט אויף איין אָרט, ווי צו — גע — קלעפּט !

קִינְדֶער־בָאר

(רעסט זיך אריין.)

אַ ראָד און אַ ראַנע,

אַ שטרויענע פאַנע —

מֵתִים בָאר.

מאַכט רעדער, מאַכט רינגען,

הוליען, טאַנצען, שפּרינגען,

שפּיעלען, זינגען — —

האַלזען, קושען — —

אַ שְׁטִימֶע.

און אַז דער טאָג װעט דערװײַטשען ?

אַ צװײטער.

ס'איז דען געטאַנצט ?

שְׁטִימֶע.

באַלד, באַלד...

(עס װערען נײַע הַכָּנוֹת געמאַכט.)

ס'יונגע װײַבּעל.

קאַאַלט.. קאַאַאַלט... קאַלט...

שְׁטִימֶען.

ס'װערט ניש' געטאַנצט, ס'װערט ניש' געטאַנצט !

(פֿון שוהל הערט זיך דאָס מֵתִים געבעט.)

(מֵתִים, װערען צומישט, בלײַבען אָבהענדיג.)

מֵתִים-שְׁטִימֶען.

װעה, װעה, װעה...

ס'װערט גאָר ניש' געשפּיעלט, גאָר ניש' געטאַנצט !

יונגער אַפּיקוֹרֶס.

העי ! קלעזמער, טענצער, העי !

װער האָט די שרעק פֿערפּלאַנצט ?!

מֵתִים !

איהר אין די סאָװעס, איהר אין די טליתים !

זײַט איהר בלינד ?! זײַט איהר טויב ?!

הערט ! שאָקעלט אָב פֿון אײַך דעם שטויב !

קינדער, מענער, װײַבער !

רײַסט אַראָב פֿון די לײַבער

דאָס שפּינװעבס פֿון תּוֹרָה'ס,

מָסוֹרֶת,
פֿון אַלטע, לאַנג פֿערפֿוילטע דורות!
הערט זײ ניש׳, הערט זײ ניש!
שפּילט, טאַנצט! מונטער, פֿריש —
די הענד, די פֿיס צופֿיהרט —
קאַנ — קאַ — ני — ערט!

## שְׁטִימֶען.

מיר קענען ניש׳, מיר קענען ניש׳!
זײ פֿער׳כמ׳ען אונז,
זײ פֿערשרײען אונז,
זײ פֿערװײנען אונז...

(אַ טהיר רײסט זיך ערגעץ אויף; אַ רויטע פֿלאַם פֿאַלט פֿון דער שטוּב אַרויס איבערן מאַרק.)

## גֶעשְׁרֵייעֶן.

געװאַלט! געװאַלט! געװאַלט!

(מענשען לויפֿען פֿון שטוּב אַרויס).

## מֵתִים

(װאָס האָבען זיך אָנגעהויבען צוריק צו לאָזען צום פֿאָדערגרונד, שטעלען זיך אָב, מאַכענדיג אַ װאַרע פֿאַר די לעבענדיגע.)

## מֵתִים־שְׁטִימֶען.

— עמיץ איז אַװעק געפֿאַלען
װער װײס, װאָס פֿאַר אַ קרענק!
— די לויפֿען רײסען אײַן די שוהל...
— יענע קלאַפּען אָן אין שענק
— דאָרט מוזען זײַן די חֶבְרָה־לײַט,
— אַ סְעוּדָה, מן הַסְתָּם!
— יענער קלינגט בײַם רוֹפֵא אָן —
— דער קען געבען — סם!

לֶעבֶּענְדִיגֶע:
(דער רופא מיט א לאמטער אין דער האנד.)
(גוישאים-לייט פון שענק.)
(געהען מיט די פיהרער צוריק.)

א פִיהרֶער
(צום רופא.)
עס ווארפט זיך מיט איהם ס'בעט?

דֶער רוֹפא.
אז מען רופט צו שפעט!

א חֶבְרָה מַאן
(צום צווייטען.)
ביזט „בעלע" —

דֶער צְווייטֶער
(שטאמעלדיג.)
עלע — פעלע — מעלע —
(פאלט.)
(מען הייבט איהם אויף.)

לֶעבֶּענדיגע
(אב אין שטיב ארײן.)

מֵתִים
(לויפען צו טיהר און צו לאדען, קוקען ארײן דורך שפארעס.)

אַנְדֶערֶע
(נעמען זיך צוריק צום „מאנצען".)

מֵתִים-שְׁטִימֶען.
— דער חולה רעדט?
— דער רופא רעדט —
— הייסט געבען פיזעם, אויף זיין אחריות —
— דער חולה מאכט משונה'גע העניות —

– דער רופא טרעט שוין אָב פון בעט –

– ביי גאָט, זאָגט ער, איז אַלץ געמאָלט –

– זי רייסט זיך די האָהר –

– נישט געגאָלט ?

– און וויינט אַזוי ביטער – –

– אָט אַ ציטער, דער לעצטער ציטער –

(עס הערט זיך אַ געשריי פון שטוּב אַרויס.)

– איהר געשריי !

– איהר חורבן !

– טססס ! אַ מענש איז געשטאָרבען !

(שטיל.)

(פאָרהאַנג.)

---

היינט איז אונזער חתונה (זייטע 46

# פֿיערטער אַקט.

(שטילע פּויזע.)

(מינוטע מתים באַלאַנסירען נאָך, אָבער זעהר שוואַך.)

מֵתִים־שְׁטִימֶען.

– ר'וועט זיך בעווייזען?

בְּלִינְדֶע.

ר'שטעהט שוין אין טהיר!

שְׁטִימֶען.

פֿאַר וואָס זעהען ניש' מיר?

בְּלִינְדֶע.

איהר זעהט – קליידער; ר'אי' נאָך נישט בעקליידט!
אָט געהט ער... די הענד צושפּרייט...
נאָך נישט אויסגעטריקענטע טרערען...
רעד עפּיס...

שְׁטִימֶען.

— טָם... לאָ'מען הערען...

דער פְּרִישער, נִישְׁט געזעהענער מֵת

(זינגט.)



אַלֶף איז אײַן אָדלער, וואָס ער טהוט נור שוועבען;
אַ שאָטען פֿון אַ פליגעל איז דאָס גאַנצע לעבען..;

טאַנצענדיגע מֵתים.

נאָך וואָס, נאָך וואָס קלאָגען?
באַלד וועט טאָגען —

נִישְׁט טאַנצענדיגע:

שאַ! שאַ! שאַ!

דער נִישְׁט געזעהענער מֵת.

בֵּית איז אַ הויז, וואו מ'איז נישט לאַנג געזעסען...
אַז מען רופט צום מִשְׁפָּט — —

מֵתִים־שְׁטִימֶען

(מאַנכע אויסגעלאַסען, אַנדערע ביטער.)

חאַ! חאַ! חאַ! — חאַ! חאַ! חאַ!

## דָער נִישְׁט גֶעוֶועהֶענֶער מֵת

(עֶנדִיגט.)

. . . . . . . מוז מען אלץ פֶערגעֶסעֶן!

### אַ ווייבֶּעל.

לאָ׳מעֶן טאַנצעֶן –
לאָ׳מעֶן טאַנצעֶן!
חאַפּט אײַך אונטעֶר ד׳אָרים!
לאָ׳מעֶן פֶערגעֶסעֶן,
די ווערם, וואָס פרעֶסעֶן,
די פִינסטערעֶ, קְבָרים!
טאַנצעֶן! טאַנצעֶן...

### דֶער מָארְגֶענְשְׁטֶערְן

(שלאָגט דורך אַ וואָלקעֶן, בּלִיצט אויף.)

### מֵתִים־שְׁטִימֶען.

וועה, וועה! עֶס הייבּט בּאַלד אָן טאָגעֶן!
מִיר קעֶנעֶן שוין קיין לִיכט נישט פֶערטראָגעֶן,
עֶס וועט אונז פֶעריאָגעֶן, עֶס וועט אונז פֶעריאָגעֶן!

### יוּנְגֶער אַפִּיקוֹרֶם.

טאַנץ! טאַנץ! טאַנץ!
וואָס צִיטערט איהר פאַר מאָרגעֶנגלאַנץ!

### שְׁטִימֶען.

וועה, וועה! דער טאָג וועט אונז דערווישעֶן...

### חַקְרָן

(צום צווייטען.)

קום, קום – מען דאַרף זִיך נישט מִישעֶן...

(אָב.)

יונגער אַפּיקורס.

מונטער, פריש!

שטימען.

מיר קענען ניש׳, מיר קענען ניש׳!

דער האהן

(בעזוויזט זיך.)

יונגער אַפּיקורס.

שוואַכע, צו די ווענד!

אַרבייטער

(שטימען.)

– נישט קיין קלאַסען־קאַמפף, נישט אונזער זאַך!
– ער וואָלט עפּיס געמאַכט, מיט אונזערע הענר!

יונגער אַפּיקורס.

שפּאַרט אייך אָן אָן די מויערן!

(שוואַכע טהוען עס.)

שטימע.

וועה, וועה...

יונגער אַפּיקורס.

נור נישט וויינען, נור נישט טרויערן!
זאַמלען קראַפט! זיך אַקעגען שטעלען! –

די שוואַכע

(פון הינטער די ווענד.)

מיר וועלען נישט קענען, מיר קענען נישט וועלען!

יונגער אַפּיקורס.

הייבט אויף די קעפּ, די אויגען הייבט העכער!

שְׁוַואכֶע.

די קעפּ – די הוילע, די שוואַרצע – – לעכער!

יונגער אַפּיקורס.

הײבּט אויף די פּויסטען, ד'פּויסטען צום הימעל!

שְׁוַואכֶע.

פּויסטען פון פּראַכנע, פון שטויב און פון שימעל!

יונגער אַפּיקורס.

מיר וועלען ניש' פּאָלגען – מיר וועלען נישט הערען!
ווער עס פיהלט די קראַפט, דער זאָל שווערען –

שְׁטִימֶען.

מיר שווערען!
מיר שווערען בײם בלוט, וואָס ס'אי' געװעזען רויט,
און מען האָט מיט שטינקענדיג וואַסער פערשוועכט!
בײ פערלוירענע טעג, פערוואָגעלטע נעכט –
בײם טויטען לעבען, לעבענדיגען טויט!
מיר שווערען!

יונגער אַפּיקורס.

מיר וועלען איהם טריצען!
מיט די צײהן זאָל ער קריצען!
זאָל ער דונערן, בליצען –
צופיהרען די אָרים!
זאָל ער שרײען, זאָל ער שעלטען,
זאָל ער קעהרען וועלטען –
אוים! מען גערהט נישט צוריק אין קײן קברים!
עס זענען קײן טויטע נישטאָ!

### דֶער בְּלֶעכֶענֶער הָאהן

(מִיט הוּזֶק.)

קוּ – קֶע – רִי – קוּ! קוּ – קֶע – רִי – קוּ!

### מֵתִים

(ווֶערֶען פֶערצִיטֶערט.)

### יוּנְגֶער אַפִּיקוֹרֶס.

שווייַג, פֶערשטוּם, ווִי אַ מויז!
אויסגעפֶּליקטֶער האָהן!
טרוּקֶענֶער שפּאָן!
אִיךְ פְּלִיק דִיר דִי רֶעשט פְלִיגֶעל אויס!

### דֶער בְּלֶעכֶענֶער הָאהן.

(ווֶערט בייז, מאַכט ווִינד מִיט דִי פְּלִיגֶעל.)

### מֵתִים-גֶעוויין.

וועה צוּ אוּנזֶער קראָפּט! וועה צוּ אוּנזֶער דוֹיעֶר!
אוּנז שִׁיצט נִישט קיין מויעֶר,
עֶס פאַלֶען אָב דִי הֶענד,
עֶס רייסט פוּן דִי ווֶענד –
אַ הוֹיב, אַ וואוּרף – – אַ וואוּרף, אַ הוֹיב!
עֶס יאָגט אוּנז
עֶס טראָגט אוּנז
ווִי פְּלֶעווִים, ווִי שטוֹיב!

(ווֶערֶען פֶערטראָגֶען צוּ דִי קְבָרִים, וואָס עֶפֶענֶען זִיךְ, אוּן לאָזֶען זֵיי אַריין. מַצֵבוֹת שטֶעלֶען זִיךְ צוּרִיק אויף זייעֶר אָרט.)

### שְׁטִימֶען פוּן ווייבֶּער אָהן קוּפְּקִים.

הייבט אויף, גֶעשווִינדֶער – לאָז זיין איין עֶק!
דֶער ווִינד בלאָזט אַוועֶק – דֶער ווִינד יאָגט אַוועֶק...

(פרוּווּעָן הייבּעָן.)

געוואַלט, מיר קענעָן ניט׳, געוואַלט, מיר קענעָן ניט׳ –

קאַמישער אַלטער

(קוּמט אַרויס, זוי ביי נאַכט, נחת שמעפּענדיג.)

פריש!

וואַנדערער

(שטעהט אויף.)

אין מזרח־ראַנד
שאַפט אַ פערבאָרגענע האַנד;
ראָזיגע נעפּיל שפּינט זי,
לופטיגע פעדעם בינט זי,
אַ טאָג ווערט אויסגעוועבט...
און אין האַרצען־ראַנד
שאַפט אַ פערבאָרגענע האַנד;
גראָהע נעפעליך שפּינט זי,
וויסטע שאָטענדליך בינט זי...
בענקשאַפט ווערט געוועבט...

(זעצט זיך אויפ׳ן ביציקל: פערטראַכט זיך – פאָהרט זעהר לאַנגזאַם און נאָכטראַכטענדיג, אין דער ריכטונג צום שוהל־געסיל.)

וועכטער

(וועקט זיך – שפּרינגט אונרוהיג אויף – קוקט זיך אום – עטוואָס פער׳חדושט, דערנאָך וועלבסטפערגניגט,)

אוהום – ס׳שלאָפט נאָך אַלץ בעריהט!
איך שלאָף און היט – שלאָף און היט!
קיינער קיינעם נישט געשטאָלען...
נישט איינגעבראָכען...
און ס׳האָט נישט געברענט –
היזק נישט אַ צענט...

(טאַפּט זיך בײַם האַלז װאַלגענדיג דאָס פּײַפּעל.)

(זעהר אונרוהיג.)

אָבער צום טײַפעל,

װאו איז מײַן פּײַפּעל ! װאו איז מײַן פּײַפּעל ?

(אָב, אונרוהיג טאַפּענדיג.)

שוהל-קְלַאפֶּער

(קומט אַרויס אין װינקעל בײַם שוהל געסיל, שטעלט זיך בײַם טהויער, קלאַפּט אײנס, צװײ, װיל קלאַפּען דרײַ.)

װַאנְדֶערֶער

(פון קלאַפּען ערשיטערט; געביטענט.)

נישט מעהר !

שוהל-קְלַאפֶּער

(זיך אויסדרעהענדיג, מיט שרעק.)

חַס וְשָׁלוֹם, געשטאָרבען װער ? –

װַאנְדֶערֶער.

אַן-אַװאַן !

(פּאָהרט צום שוהל-געסיל צו.)

(צװײ פון די נעכטיג-פערשפּעטיגטע סוחרים קומען אָן מיט שליסעל אין די הענד.)

עֶרְשְׁטֶער.

אַלטװאַרג איז בײַ מיר פערהאַן

דרײַ װאַגאָן, אֶפְשָׁר מעהר !

װַאנְדֶערֶער

(פערשװינדענדיג אין שוהל-געסיל.)

און דער האָהן – איז – – דער !

